ד. נ. מאמין-סיביריאק.

# חנה׳לעס מעשה׳לאך

אידיש פון ד. רויכל.

---

קאאפעראטיווע געזעלשאפט „אידישער פאלקספארלאג
קיעוו—פעטערבורג
תר״ף.

# א מעשה וועגן ראָב שוואַרצקעפּל
# און וועגן קאַנאַריק פייגעלע.



## א.

זיצט זיך ראָב אויף אַ בערעזע־בוים און קלאַפּט מיטן שנאָבל אין אַ צווײַגעלע: כלאָפּ-כלאָפּ. אויסגעריי־ניגט דעם שנאָבל, זיך אומגעקוקט אויף אַלע זײַטן, און אַז ער צעקראַקעט זיך:

— קארר... קארר!..

דער קאָטער וואסקע, וואָס האָט געדרימלט אויפן פאַרקאַן, האָט זיך פאַר גרויס שרעק שיער ניט אַראָפּגעקאַטשעט, האַט ער אָנגעהויבן צו וואָרטשען:

— אָ אַ קלכל... וועמען גאָט בענטשט מיט אַ קול! וואָס האָסטו זיך אַזוי דערפרעהט, שוואַרץ־קעפל?

— אך, לאָז מיך צורוה... זעהסט ניט, איך האָב קיין צייַט ניט? ווי איך בין דאָס פאַרנומען... קארר־קאַרר־קאַרר!.. אַ רענדל אַ מינוט.

— נעבאַך געבליבן אָהן כּחות, — האָט זיך וואַסקע צעלאַכט.

— שוויַיג, דו־פוילע זאַך... אויף וועלכער זייַט קערסטו זיך איצט איבער? איין זאַך ווייַסטו נאָר, ליגן און וואַרימען זיך אויף דער זון. און איך, פון גאַנץ פריה אָן ווייס איך ניט וואָס הייסט אַ מינוטקעלע רוה: אויף צען דעכער שוין געזעסן, אַ האַלבע שטאָט דורכגעפלויגן, אַלע ווינקעלאַך און געסלאַך אויסגעקוקט, און מ׳דאַרף נאָך זייַן אויפן שטאָט־טורעם, אויפ׳ן מאַרק אַ קוק טון, אין די גערטנער אַ ביסל גראָבן... און וואָס האָב איך זיך דאָס אין מיטן דרינען אַוועקגעשטעלט רעדן מיט דיר, — איך האָב קיין צייַט ניט. א, ווי איך בין דאָס פאַרנומען!

דער ראָב האָט נאָך אַמאָל אַ קלאפּ געטון מיטן שנאָבל אין צווייַגל אַרייַן, האָט זיך אַ טרייסל געטון און שוין געוואָלט אַוועקפליהען, אַז ער האָט דערהערט אַ שרעקלאַכן געשריי. ס׳פליהט אַ גאַנצע שאַרע שפערלאַך, און פאַראויס פליהט עפּעס אַ קליין געל פייגעלע.

— קינדער, כאַפּט דאָס, אָי, כאַפּט עס! — האָבן די שפערלאַך געפּישטשעט.

— וואָס איז? וואוהין? — האָט דער ראָב אויסגעשריען און זיך אַ לאָז געטון נאָך די שפערלאַך.

דער ראָב האָט אַ צען מאָל אַ מאַך געטון מיט די פליגל און באַלד אָנגעיאָגט די שאַרע שפערלאַך. דאָס געלע פייגעלע איז שוין כמעט געבליבן אָהן כּוחות און האָט זיך אַ לאָז געטון אין אַ קליין

גערטל, וואו ס'איז געוואַקסן בלויער מאַי, ווײַמפּערלאַך און פּויל-בוי-מער. ס'האָט זיך געוואָלט אויסבאַהאַלטן פאַר די שפּערלאַך, וואָס האָבן דאָס נאָכגעיאָגט. האָט זיך דאָס געלע פייגעלע פאַרקליבן אונטער אַ קוסט, און דער ראָב-ער איז שוין דאָ.

— ווער ביסטו?—האָט ער זיך צעקראַקעט.

די שפּערלאַך האָבן באַשאָטן דעם קוסט ווי עמיצער וואָלט דאָ אויסגעשאָטן אַ הויפן אַרבעס.

זיי האָבן זיך געבייזערט אויף דעם קליין פייגעלע און דאָס גע-וואָלט געפינען.

— וואָס ווילט איר פון דעם האָבן?— האָט דער ראָב געפרעגט.

— פאַרוואָס איז דאָס געל?—האָבן אַלע שפּערלאַך אין איין קול אויסגעשריען.

דער ראָב האָט אַ קוק געטון אויף דעם געלן פייגעלע:—טאַקע, גאָר געל, האָט ער אַ שאָקל געטון מיטן קאָפּ און אַזאָג געטון:

— אַ, שקצים איינע... ס'איז דאָך גאָר קיין פייגעלע ניט!.. האָט איר שוין אַמאָל געזעהן אַזאַ פייגעלע?.. אָבער פאַרנעמט זיך נאָר פון דאַנעט?.. איך וועל זיך דורכשמועסן מיט דער ציקאַווער זאַך. ס'מוז נאָר מאַכן דעם אָנשטעל כלומר'שט איז דאָס אַ פויגל..

די שפּערלאַך האָבן זיך צעפּישטשעט, זיינען נאָך מער אין כעס געוואָרן, אָבער זיי האָבן גאָרניט געקאָנט מאַכן, - מ'דאַרף זיך אָפּטראָגן. מיטן ראָב מאַכט מען קיין קונצען ניט: ער קאָן דיר אַ קלאַפּ טון מיט'ן שנאָבל, אז קיין געביין זאָל פון דיר ניט בלייבן.

צעטריבן די שפּערלאַך, האָט זיך דער ראָב גענומען אויספרעגן דאָס געלע פייגעלע, וואָס האָט נעבאַך קוים געזשיפּעט און האָט אַזוי רחמנות'דיג געקוקט מיט די שוואַרצע אויגעלאַך.

— ווער ביסטו?—האָט דער ראָב געפרעגט.

— איך,—אַ קאַנאַריק...

— זעה, נאר מיך ניט, אַניט וועט זײַן שלעכט. ווען ניט איך, וואָלטן דיך די שפּערלאַך שוין לאַנג געווען צעפּיקט..

— אויף מײַן וואָרט, איך בין אַ קאַנאַריק..

— פון וואַנעט ביסטו?

— איך האָב געוואוינט אין אַ שטײַגל... אין שטײַגל געבוירן גע-וואָרן, דאָרט בין איך אויסגעוואַקסן און געלעבט... און מיר האָט זיך אַלץ געגלוסט פליהען, אַזוי ווי אַנדערע פויגעלאַך. דאָס שטײַגל איז געשטאַנען אויפן פענסטער, און איך האָב אַלץ געקוקט אויף די פייגעלאַך, וואָס זײַנען געפלויגן פאַרבײַ... ס׳איז זיי געווען אַזוי פרעהלאַך, און אין שטײַגל איז אַזוי ענג. נו, איז איינמאָל האָט חנה׳לע געבראַכט אַ טעצעלע וואַסער, האָט אויפגעמאַכט דאָס טירעלע, בין איך אַרויס. איך בין געפלויגן, געפלויגן איבער דער שטוב, נאָכדעם בין איך אַרויס דורך אַ לופטל.

— וואָס זשע האָסטו געטון אינם שטײַגעלע?

— איך זינג זעהר שעהן..

— אַנו, זינג נאָר עפּעס אָפּ..

דער קאַנאַריק האָט זיך צעזינגען. דער ראָב האָט אָנגעבויגן דעם קאָפּ אָן אַ זײַט און זיך געוואונדערט.

— אָט דאָס הייסט בײַ דיר געזינגען? כאַ-כאַ!.. ס׳אַרא נאַראָנים זײַנע בעלי-בתים זײַנען דאָס, אויב זיי האָבן דיך געהאָדעוועט פאַר אַזאַ זינגען. אויב שוין יאָ עמיצן האָדעווען, פאַרשטעה איך, איז אַן אמת׳ן פויגל, אָט, למשל, אַזאַ ווי איך. אָט האָב איך זיך, למשל, הײַנט צעקראַקעט,—איז וואַסקע שיער פון פלויט ניט אַראָפּ. אָט דאָס הייסט בײַ מיר געזינגען!..

— אײַך קאָן אים, וואַסקען... ס׳אַרא רוצח דאָס איז. וויפיל מאָל האָט ער זיך שוין צוגעגנבעט צו אונזער שטײַגל. די אויגן זײַנען גרין, און ברענען אַזוי, און ער טוט דאָס אַלאַז אַרויס זײַנע נעגל.

— נו, ווער ס'האָט מורא פאַר אים, און ווער ניט... אַז ער איז אַ פלוט, דאָס זעהסטו איז אמת, אָבער מורא האָבן איז ניטאָ פאַר וועמען, נאָר וועגן דעם וועלן מיר נאָך רעדן אַן אַנדערסמאָל... און מיר גלויבט זיך פאָרט ניט, אַז דו ביסט אַן אמת'ר פויגל...

— אויף מײַן וואָרט, פעטערל, אַז איך בין אַ פויגעלע אַן אמת פויגעלע אַלע קאַנאַריקס זײַנען פויגעלאַך...

— נו, נו, מיר'ן שוין זעהן... אָבער, זאָג מיר איך בעט דיך, ווי וועסטו דאָס לעבן?

— איך דאַרף כמעט גאָרניט ניט האָבן: אַ פּאָר קערנדלאַך, אַ שטיקעלע צוקער, אַ ברעקעלע בולקע,— בין איך שוין זאַט.

— וואָס זאָגס'טו צו דער פּריצטע?.. נו, אַן צוקער וועסטו זיך נאָך באַגעהן, און קערנדלאַך וועסטו ווי עס איז כאַפּן. בכלל, געפעלסטו מיר זעהר. ווילסט וואוינען מיט—מיר אינאײנעם? איך האָב זעהר אַ גוטע נעסט - אָט דאָ ניט ווײַט אויף דעם בערעזע-בוים.

— אַ דאַנק. אָבער, וואָס טוט מען מיט די שפּערלאַך...

— אַז דו וועסט וואוינען מיט מיר, וועט דיך קײנער ניט טשעפּען. ניט נאָר די שפּערלאַך, נאָר אַפילו וואַסקע, קאָן מיך זעהר גוט. איך האָב פײַנט צוטרײַבן קאַטאָוועס.

דער קאַנאַריק איז גאָר שטאַרק געוואָרן בײַ זיך און איז אַוועקגעפלויגן צוזאַמען מיטן ראָב. וואָס זשע, די נעסט איז אַן אויסגעצײכנטע, ווען מ'קאָן נאָך קריגן אַ שטיקל צוקער און אַ ברעקעלע בולקע.

* * *

דער קאַנאַריק מיטן ראָב האָבן זיך געלעבט בשלום אין איין נעסט. דער ראָב האָט אַפילו ליב געהאַט אַ מאָל צוצוּוואָרטשען, אָבער בכלל איז ער ניט געווען קיין שלעכטער. דער גרעסטער חסרון זײַנער איז געווען, וואָס ער האָט יעדן מקנא געווען, און זיך געפילט באַליידיגט.

נו, זאָג אַליין, וואָס זיינען די נאַרישע הינער בעסער פאַר מיר? און זיי האָדעוועט מען, מ׳קעכט זיי, מ׳היט זיי, ווי דאָס אויג אין קאָפּ. האָט ער זיך געקלאָגט פאַרן קאַנאַריק,—צי נעם למשל די טויבן... ווער דאַרף זיי האָבן, און קוק זיך נאָר צו, ווער ס׳געהט דורך, גיט זיי אַ שיט אַ הייפעלע האָבער... אַזעלכע נאַרישע פייגל... און לאמיך נאָר קומען, איז באַלד נעמט מען זיך צו מיר, מ׳טרייבט מיך, מ׳יאָגט מיך. נו, זאָג אַליין איז עס אַ יושר? און מ׳זידלט מיך נאָך: „עי, דו ראב איינער!" און דאָס ווייסטו דאָך, אַז איך בין טויזנט מאָל בעסער און שענער פאַר אנדערע. גלויב מיר, אַז ס׳איז מיר פריקרע צו רעדן פון דעם, נאָר וואָס זאָל איך טון,—אַז איך האָב קיין ברירה ניט, איז עס אפשר ניט אַזוי?

דער קאַנאַריק האָט אַלץ צוגעבאָמקעט אויף יאָ.

— יאָ ביסט זעהר אַ גרויסער פויגל. .

— זעהסטו! נעם למשל די פּאָפּוגאַיען, מ׳האַלט זיי דאָך אין שטייגעלאַך, מ׳קאָכעט זיך אין זיי, און וואָס איז דער פּאָפּוגאַי בעסער פאַר מיר?.. אַ נאַרישער פויגל—און גאָר. ער ווייסט נאָר איין זאַך—פּילדערן און פלאַפּלען, מ׳זאָל דאָס אַ וואָרט פאַרשטעהן. וואָס, אפשר ניט אַזוי?

— יאָ, ביי אונז איז אויך געווען אַ פּאַפּוגאַי, האָט ער אויך אַלעמען שרעקלאַך דערעסן.

— און וויפיל איז דאָ נאָך אַזעלכע פייגל, וואָס ווער דאַרף זיי. די שטארן, למשל, קומען צו פליהען, ווי די משוגעים מ׳ווייסט ניט פון וואַנעט, לעבן אָפּ דעם זומער און אַוועק. און די שוועלבעלאַך, און די בלייערלאַך, די סאָלאָוויען, און די אַלע איבעריגע שלעק, קיין איין לייטישן פויגל, זאָג איך דיר, וועסטו בכלל ניט געפינען... גיט נאָר אַ בלאָז אַ קאַלט ווינטל,—און מ׳פליהט שוין, וואוהין די אויגן טראָגן.

דעם אמת געזאָגט, האָבן דער ראָב און דער קאַנאַריק כמעט ניט פאַרשטאַנען איינער דעם צווייטן. דער קאַנאַריק האָט ניט פאַרשטאַ-

נען דאָס לעבן אויף דער פריי, און דער ראָב האָט בשום אופן ניט געקענט באַנעמען דאָס לעבן אין שטייגל.

— איז ווי זשע איז דאָס, פעטערל, דערלאַנגט אייך טאַקע קיינמאָל קיינער קיין קערנדל ניט?

— ס'אַראַ נאַרעלע דו ביסט... וואָס פאַר אַ קרענדלאַך? ס'איז נאָך גוט, אַז מ'כאַפּט ניט מיט אַ שטעקן, אָדער מיט אַ שטיין איבערן קאָפּ. וואָס ווייסטו, מענטשן זיינען זעהר פאַרדאָרבן...

דאָס האָט שוין דער קאַנאַריק ניט געקאָנט ליידן, מענטשן האָבן אים דאָך די גאַנצע צייט געהאָדעוועט. ס'קאָן זעהר זיין, אַז דעם ראָב ווייזט זיך עס נאָר אויס אַזוי... אָבער באַלד האָט דער קאַנאַריק אַליין איינגעזעהן, אַז מענטשן זיינען טאַקע שלעכט. איינמאָל איז ער זיך געזעסן אויפן פאַרקאָן. מיט אַמאָל איז איבער זיין קעפּל דורכגעפלויגן אַ שטיין. חדר-ייִנגעלאַך זיינען געגאַנגען איבערן גאַס, האָבן זיי דערזעהן אויפן פאַרקאָן אַ ראָב,— איז ווי זשע וואַרפט מען אים דאָס ניט אַ שטיין?

— נו, וואָס ווע̇סטו איצט זאָגן?— האָט דער ראָב געזאָגט, אַרויפפליהענדיג אויפן דאַך.-אָט ווי דו קוקסט זיי אָן, זיינען זיי אַלע אַזוי.

— אפשר האָסטו זיי, פעטערל, עפּעס שלעכטס געטון?

— אַז איך זאָג דיר, גאָר ניט, אַפילו אַ האָרעלע אויך ניט... ס'איז שוין פשוט אַזאַ טבע ביי זיי... זיי קאָנען מיך ניט אנקוקן...

דער קאַנאַריק האָט רחמנות געקראָגן אויף דעם ראָב נעבאך, וואָס קיינער האָט אים ניט ליב. אַזוי קאָן דאָך דאָס לעבן נמאס ווערן...

און שונאים האָבן טאַקע ניט געפעלט. אָט, למשל, דער קאטער וואַסקע... מיט וואָס פאַראַ סאַמעטענע אייגעלאַך ער האָט דאָס באַטוואַכט אַלע פייגעלאַך, ער האָט זיך געמאַכט שלאָפנדיג, און דער קאַנאַריק האָט אַליין געזעהן, ווי ער האָט געכאַפּט אַ קליין, אומגעניטן שפערל,—די ביינדלאַך האָבן אזש געקנאַקט און די פעדערלאַך האָבן זיך געשיט. אַ, ס'אַ שרעק! היינט דער שפּאַרבער-אויך אַ גוטער גזלן: פליהט

זיך אין דער קופּטן, גלייך ווי ניט אים מיינט מען, און מיט אַמאָל, אַז ער טוט זיך אַלאָז אויף אַ פייגעלע—אַ רגע, און ס׳בלייבט פון דעם נעבאַך גאָרניט, דער קאַנאַריק האָט אַליין געזעהן, ווי אַ שפּאַרבער האָט איינמאָל צוגעכאַפּט אַ הינדעלע. דער ראָב אָבער האָט ניט מורא געהאַט ניט פאַר קיין קעץ, ניט פאַר קען שפּאַרבערס און אַמאָל פלעגט ער אַליין חשק האָבן צופאַרבייסן מיט אַ קליין פייגעלע. לכתחלה האָט דער קאַנאַריק עס אַפילו ניט געוואָלט גלויבן, אָבער נאָכדעם האָט ער דאָס אַליין געזעהן מיט די אייגענע אויגן. איינמאָל האָט ער דערזעהן, ווי אַ גאַנצע מחנה שפּערלאַך האָט זיך נאָכגעיאָגט נאָך דעם ראָב. פליהען, פילדערן, פּישטשען. דער קאַנאַריק האָט זיך דערשראָקן און זיך באַהאַלטן אין נעסט.

— גיב אָפּ, גיב אָפּ—האָבן די שפּערלאַך אין איין קול געשריען, דרייענדיג זיך איבער דעם ראָבס נעסט.—וואָס איז דאָס פאַר אַ מין? ס׳איז דאָך פּשוט אַ רציחה!.. דער ראָב איז אַריין צו זיך אין נעסט אַריין, און דער קאַנאַריק האָט מיט שרעק דערזעהן, אַז ער האָט געבראַכט אַ טויט, צעבלוטיגט שפּערל.

— פּעטערל, וואָס טוט איר?

— שאַ, ניט דיין עסק... האָט זיך דער ראָב צעבייזערט.

די אויגן זיינען ביי אים געווען אַזוינע שרעקלאַכע,-און ברענען אַזוי—דער קאַנאַריק האָט פאַר שרעק אַוש פאַרמאַכט די אויגן, ער זאָל ניט זעהן, ווי אַזוי דער ראָב וועט דאָס צערייסן דאָס פייגעלע נעבאַך.

ער וועט דאָך אַמאָל מיך אויך אַזוי אויפפרעסן!--האָט זיך דער קאַנאַריק געטראַכט.

אָבער דער ראָב, נאָך דעם איבערבייסן איז געוואָרן אַ סך ווייכער. אויסגערייניגט דעם שנאָבל, האָט ער זיך אַוועקגעזעצט אויף אַ צווייגעלע און געכאַפּט אַ געשמאַקן דרימל. בכלל האָט דער קאַנאַריק באַ-

מערקט, אַז דער ראָב איז געווען אַ גרויסער פּרעסער און גאָר ניט קיין איבערקלייבער. אַ מאָל ברענגט ער צוטראָגן אַ שטיקל ברויט, אַמאָל אַ שטיקל פויל פלייש, און אַמאָל כתם-שטיקלאַך און ברעקלאַך, וואָס ער פלעגט ערגעץ דערטאַפּן אין אַ מיסט קאַסטן. דאָס לעצטע האָט ער ליב געהאַט מער פאַר אַלץ, און דער קאַנאַריק האָט בשום אופן ניט געקאָנט פאַרשטעהן, וואָס פאַר אַ פאַרגעניגן דאָס איז זיך באָרבלען אין מיסט-קאַסטן. נאָר מ׳האָט צו דעם ראָב בשום אופן ניט געקאָנט האָבן: ער אַליין האָט אַ טאָג באַדאַרפט האָבן, צוואַנציג מאָל אַזוי פיל וויפיל אַ קאַנאַריק. און אַ גאַנצן טאָג האָט ער געוואוסט נאָר פון איין זאַך, עסן און עסן... אָט זעצט ער זיך אַוועק אויף אַ דאַך און קוקט.

און אַז דער ראָב פוילט זיך אַמאָל אָפּזוכן שפּייז פאַר זיך, קאָזט ער זיך אויף פאַרשיידענע המצאות.. דערזעהט ער, למשל, ווי שפּערלאַך האָבן עפּעס דערטאַפּט, איז ער שוין דאָרטן. פליהט ער זיך כלומר׳שט פאַרביי, גלייך ווי ניט אים מיינט מען, און שרייט נאָך אויף קולות.

— אוי, ווי איך האָב קיין צייט ניט... אוי, ווי איך בין דאָס פאַרנומען!..

און מיט אַמאָל פליהט ער צו, כאַפּט אויס און בלייבט ניט.

— ס׳איז דאָך ניט פיין, פּעטערל, צונעמען ביי יענעם דעם לעצטן ביסן פון מויל,- האָט איינמאָל דער קאַנאַריק אַ זאָג געטון.

— וואָס, ס׳איז ניט פיין? און אַז איך בין הונגעריג, איז וואָס זשע זאָל איך טון?

— און אַז אַנדערע ווילן אויך עסן...

— וועלן זיי פאַר זיך אַליין זאָרגן. אָט אייך-צעפּעסטעטע, צעזעצט מען דאָך אין די שטייגלאַך און מ׳האָדעוועט אייך פונם אָרבל, אָבער מיר מוזן אַליין זאָרגן און זיך געפינען צו עסן. דעם אמת געזאָגט, וואָס

דאַרפסטו, אָדער אַ שפּערל גאָר איינגאַנצן האָבן?.. אַ שאַר און אַ פּיק אַ פּאָר קערנדלאַך, און שוין, זאַט אַ גאַנצן טאָג.

* * *

דער זומער איז אַוועק, מ׳האָט זיך גאָר ניט אומגעקוקט. די זון, איז עפּעס געוואָרן קעלטער און די טעג — קורצער. ס׳האָט אָנגעהויבן צו בלאָזן אַ קאַלט ווינטל. דער קאַנאַריק האָט זיך געפּיקט, ווי דער סאַמע אומגליקליכסטער פויגל, דערהויפּט, ווען ס׳האָט גערעגנט. און דער ראָב גאָרניט, פּונקט ווי אים מיינט מען ניט.

— איז וואָס זשע איז, אַז ס׳געהט אַ רעגן? — האָט ער זיך געחידושט. — ער געהט און געהט אַזוי לאַנג, ביז ער הערט אויף.

— ס׳איז דאָך אָבער קאַלט, פּעטערל! אוי, קאַלט!

ערגער פּאַר אַלץ איז געווען ביינאַכט. דער דורכגענעצטער קאַנאַריק האָט געציטערט. און דער ראָב האָט זיך נאָך געבייזערט.

— אָט דאָס הייסט געפּעסטעט!.. און וואָס וועסטו שוין זאָגן, אַז ס׳וועט ווערן אמת קאַלט און ס׳וועט אויספאַלן אַ שניי?..

דעם ראָב האָט דאָס אָנגעהויבן אַפילו צו פאַרדריסן. אַ שעהנער פויגל איז דאָס, אַז ער האָט מורא פאַר רעגן, און פאַר קעלט? מ׳קאָן דאָך אַזוי גאָר ניט לעבן אויף דער וועלט. און ער איז ווידער געווען שטאַרק מסופק, צי דער קאַנאַריק איז טאַקע אַן אמת׳ער פויגל. גיכער איז דאָס אַן אָנשטעל פון אים, מאַכט זיך כלומר׳שט פאַר אַ פויגל...

— אויף מיין וואָרט, איך בין אַ פייגעלע! — האָט דער קאַנאַריק מיט טרערן אין די אויגן געטענ׳עט, — נאָר ס׳איז מיר קאַלט...

— איז זעה-זשע! און מיר דוכט זיך אַלץ, אַז דו מאַכסט זיך נאָר.

— אויף מיין וואָרט, אַז איך מאַך מיר ניט...

אָפּטמאָל פלעגט זיך דער קאַנאַריק פאַרטראַכטן אויף זיין פינסטער מזל. וואָלט דען ניט גלייכער געווען בלייבן אין שטייגל?.. דאָרט איז

ווארים, און זעטיג. ער איז אַפילו עטלאַכע מאָל צוגעפלויגן צו יענעם פענסטער, מיט דעם שטײַגל אינעווייניג. דאָרט זײַנען שוין אָבער געזעסן צוויי נײַע קאַנאַריקעס און האָבן אים מקנא געווען.

— אַי, ווי קאַלט ס'איז! — האָט זיך דער דערפרוירענער קאַנאַריק געקלאָגט. — לאָזט מיך אַרײַן אַהיים.

איינמאָל אינדערפרי, אַז דער קאַנאַריק האָט אַרויסגעקוקט פון דעם ראָבס נעסט, איז ער דערציטערט געוואָרן פון אַזאַ בילד: די ערד איז איבער נאַכט באַדעקט געוואָרן מיטן ערשטן שניי, און האָט אויסגעזעהן ווי אַ געשטאָרבענער אין תכריכים. אַלץ איז אַרום און אַרום געווען ווײַס, און דער עיקר האָט דער שניי פאַרדעקט אַט די אַלע קערנדלאַך, דעם קאַנאַריקס שפּײַז; געבליבן איז בלויז איין קאַלינע, אָבער ער האָט ניט געקאָנט פאַרדײַען די דאָזיגע זויערע יאַגעדעס. דער ראָב זיצט זיך, פּיקט די קאַלינעס און איז זיך נאָך מחיה.

— אַ, ס'אַרא געשמאַקע יאַגעדעס!..

דער קאַנאַריק האָט געהונגערט. וואָס וועט ווײַטער זײַן?.. מ'קאָן דאָך אַזוי פאַר הונגער אויסגעהן...

זיצט זיך דער קאַנאַריק אין איינע־צרות. מיט אַמאָל דערזעהט ער ס'קומען צולויפן אין גאָרטן אַרײַן די זעלבע חדר־יינגלאַך, וואָס האָבן אַנומלטן געוואָרפן אַ שטיין דעם ראָב: זיי שפּרייטן אויס אויפן שניי אַ נעץ, שיטן אָן געשמאַקע ליין־קערנדלאַך און אַנטלויפן.

— זיי זיינען גאָרניט אַזוינע שלעכטע, ווי איך האָב געמיינט. — האָט זיך דער קאַנאַריק דערפרעהט, קוקנדיג אויף דער אויסגעשפּרייטער נעץ. — פעטערל, די יינגלאַך האָבן מיר עסן געבראַכט.

— שוין איינמאָל עסן, ניטאָ וואָס צו זאָגן! — האָט דער ראָב אַ וואָרטשע געטון. — דו זאָלסט זיך אַפילו ניט דערוועגן צו נעמען אַ

האָט דער ראָב פאַרנויגט דעם קאָפּ אויף אַ זייַט, אַ קוק געטון און געזאָגט:

– נו, וואס האָב איך געזאָגט? ס'איז דאָך גאָר קיין פויגל ניט?

